
מ. פערעלמוטער
לידער פון גלויבן
מיינע שטאמלענדיגע ווערטער
ווי די וואסערבלעזלעך איבער א דערטרונקענעם
גרייכען זעלטען צו דעם אויבער
פלאך רעטער

[illegible],
א [illegible].

מיט אכטונג,
ג. פערלמוטער.

# לידער פון גלויבען

לידער פון גלויבען.
די זון פארגייט.
דו
איינציגע

# לידער פון גלויבן

מײַן גלויביגען פאַטער ע״ה
און מײַן האַרציגער מוטער
צו־לאַנגע יאָר

איך גלויב אין דיר, אלמעכטיגער,
איך גלויב אין דיר, מיין האַר:
מיט דיר מיין וועלט איז פּרעכטיגער,
מיין שמחה און מיין צער.

אין רגע'ס, רגע'ס פרײדיגע
אין רגע'ס פול מיט צער:
איך קום צו דיר, מיין גנעדיגער
און קני פאר דיין אלטאר.

אַ לויב צו דיר, אלמעכטיגער,
א לויב צו דיר, מיין האר:
דיין וועג איז א גערעכטיגער —
דיין עונש און דיין שכר.



איך טרוי זיך אָן, אלמעכטיגער,
אָן דיר אין גרויס געפאר,
אין דער מינוט דער ריכטיגער
דו שיקסט מיר הילף דערפאר.

ווען קיינער הערט — איך שיק צו דיר
מיין שטילען הארץ־געבעט;
איך קני פאר דיר, איך פאל פאר דיר,
מיין האַר, ווען קיינער זעט.



און בלײַב איך אַ פֿאַרלאָרענער
מיט יאוש אין מײַן זעל:
די הילף אַ נײַ־געבאָרענע
באַװײַזט זיך אויף מײַן שװעל.

און שטײ איך אָפּגעענטפֿערטהײט
בײַם שװאַרצען אָפּגרונד־ראַנד:
דו קומסט גאָר אומדערװאַרטערהײט
און שטרעקסט מיר אױס דײַן האַנט.



ליגט אין הויז די רו צעשפּרייט —
איך װײס: דו ביזט דערין;
זע איך, װי די זון פֿאַרגײט —
איך װײס: מיט דיר איך בין.

שטײט אין אויג פֿון קינד אַ טרער —
איך װײס, אז דו ביזט דאָ;
טוט אַ גוטען שמײכעל װער —
איך װײס: דאָס איז דײַן שעה.



װי גוט איז דעם, װאָס גלױבט אין דיר:
דו היטסט אָפּ טאָג און נאַכט זײַן טיר;
װי װאויל איז דעם, װאָס זינגט פֿון דיר:
זײַן לעבען איז אײן גרויסער שיר!



זיי חוזק׳ן, מיין האַר, פון דיר,
און לעסטערען דיין נאָמען, —
דאָך אייביג הענגט אַלץ אויף דיין טיר
דער האַרציגער ווילקאָמען.

דו האָסט געשאָנקען אַלעמען
אַ חלק פון דיין לעבען —
דו וועסט אויך זייערע זינד פאַרזען,
זייער נאַרישקייט פאַרגעבען.

און קיינמאָל איז דאָך ניט צו שפּעט
צו דיר זיך אומצוקערען
מיט אמת-האַרציגען געבעט
און ניט געפעלשטע טרערען.



זיי בלאָנדזשען אום אין טיפען וואַלד
און ווייסען ניט דערפון,
און ווען אַ גלי-פליג זיך צעשטראַלט,
זיי מיינען: ס׳איז די זון.

נאָר פינסטער איז דער גרויסער וואַלד,
פאַרפּלאָנטערט און געדיכט,
און קיינמאָל פאַלט דאָרט ניט אַ שטראַל
פון אמת׳דיגען ליכט.



איך ווייס ניט, ווי אזוי און ווען
אויף דיר זיי אָנצואווייזען —
זיי מוזען דיך אַליין דערזען,
כדי ניט מער צו גרייזען;

דער וועג צו דיר איז נאָענט און פּראָסט,
נאָר מיט'ן האנט צו גרייכען,
דאָך גייען זיי, וואוהין עס בלאָזט
און מערקען ניט דיין צייכען...



דיין טעמפּעל איז ניט ערגעץ ווייט
אין א פארבאָרגען לאַנד,
וואָס איז בלויז צו דערווייל̈טע לייט,
אַ הייפעלע, באַקאַנט; —

דיין טעמפּעל איז אין יעדען הויז,
און אויך אין יעדען שטאל,
דיין צעלט איז ניט אין הימעל בלויז,
דיין צעלט איז איבעראל.



מיר קומען און מיר גייען
צוריק אין זעלבער טיר:
די אייביגע אלעיען
באהעפטען אונז מיט דיר...



איך דארף ניט פיל, איך בעט ניט פיל,
אָט דאָס איז אלעס וואָס איך וויל:
זען יעדען טאָג מיין ל י ב ע און
די גוטע זון.

און גיסט מיר דאָס — ווי גוט מיר איז:
דאָס ברויט געשמאַק, דאָס וואסער זיס,
און ליב דאָס הויז און שיין די שטאָט —
א דאַנק דיר, גאָט!



ווען איך בין נאָך א קינד געווען,
פון זינד נאָך ניט באַפלעקט,
האָב איך די הערליכקייט דערזען,
וואָס דו האָסט מיר אנטפלעקט.

דיין הערליכקייט האָט מיך געבלענדט,
געבלענדט דעם גאנצען רוים,
דיין פייער האָט אין מיר געברענט
און ברענט נאָך עד היום.



אין דער שטילקייט פון דער נאַכט
ביזטו נעהענטער צו מיר,
אין דער שטילקייט פון דער נאַכט,
עפען איך מיין הארץ פאר דיר.



און אז איך בין אָרעם,
וואָס־זשע מאכט דאָס אוים ?
היט דען ניט זיין אָרעם
מיין באשיידען הויז ?

און צו וואָס דער פחד
פאר'ן טויט אליין,
ווען זיין אָטעם פאָכעט
אויך אויף הארטען שטיין ?

אין די ווייטסטע עקען
איז זיין גוטסקייט דאָ,
און פאר וואָס צו שרעקען
זיך איז גאָר ניטאָ.



א מידער צו דיינע שטאָכעטען
בין איך צוגעקומען,
איך האָב דיך גערופען, געבעטען:
דו האָסט ניט פארנומען;

אן עלענדער פון די שטאָכעטען
בין איך אָפגעגאנגען:
פון שטראָל, דורכגעזאָפט פון געבעטען
דאָס אייז איז צעגאנגען...



מיט פארבראָכענע הענט
און פאַרלאָפענע אויגען,
צו דיר, גאָט געווענדט,
שטיי איך אין דרייען געבויגען,
פאראומריינט, געשענדט —
און טרערען קייקלען זיך איבער מיין פנים אָהן ענד:
ווי איינער וואָס שטייט אין אַ הויז,
וואָס צעפאלט,
אונטער פלאַמען און רויך,
ווי איינער וואָס ווערט ארומגערינגעלט
אין וואלד
פון הונגעריגע וועלף —
אזוי בין איך אויך:
אָ, העלף מיר, אַלמעכטיגער, העלף!...



די גאַנצע שאַנד און פיין,
וואָס קלייבט זיך דורכ'ן טאָג
צו דיר, מיין הארץ, אריין, —
פאַרטראָג מיין האַרץ, פאַרטראָג;
און ווען די נאכט פאלט צו
אויך דו, מיין הארץ, אויך דו,
צו זיינע פיס פאל צו
און זאָג:
נאָר דו, מיין גאָט, נאָר דו! —
און קומען וועט די רו...



איך קום צו דיר ניט ווי א בעל תשובה,
א פארשפעטיגטער,
אויך קום איך ניט פון צופיל לוקסוס,
א גענעטיגטער:

איך קום צו דיר, ווי צו א טאַטען,
צו אַן אייגענעם,
נאָר מיט גרויס ערפורכט, מיט׳ן קאָפּ אַ
טיף־געבויגענעם.



איך וועל ווארטען אין קאָנוואולסיעס און אין פיבער
אויפ׳ן אויפגאַנג פונ׳ם ליכט, דעם לאַנג־געגארטען,
איך וועל ווארטען ביז דער שטורם וועט פאָריבער,
אויפ׳ן וואונדער, אויפ׳ן גרויסען וועל איך וואַרטען...

איך וועל האַלטען צו דעם מזרח מיינע אויגען
און פאַרבייגיין דורך די אימה׳דיגע שפּאַלטען,
און עס זאָלען זיך די קני ביי מיר ניט בויגען —
וועל איך מיינע הענט אויך צו דעם מזרח האַלטען.

איך וועל בעטען, איך וועל זינגען צו דיין נאָמען
און ניט אויפהערען צו מזרח־זייט צו שפּרייזען,
און איין מאָרגען וועלען פלוצלונג יענע שטראָמען
מיט׳ן גאָלד־ליכט פונ׳ם מזרח זיך באַווייזען...



וואָס דער טוי איז פאַר'ן גרעזעל
אין די נעכט, די שטילע —
איז פאַר מיר די תפלה;

וואָס דעם וואנדערער דער פייער
איז אין נעכט אין קילע —
איז פאַר מיר די תפלה;

אין מינוטען פון פארצווייפלונג,
וואָס וואָלט זיין, חלילה,
ווען מיר פעלט די תפלה?!..



ווי לעבען זיי אָהן דיר, מיין גאָט,
די קליינליכע,
אין טעג און נעכט פון צער און שפאָט,
אין פיינליכע?..

ווי לעבען זיי דורך אָהן דיין זון,
די קלעגליכע,
די רגע'ס פון פאַרצווייפלונג, אומ-
דערטרעגליכע?..

איך קאָן דאָך איין מינוט זאָגאר,
אַ ליידיגער,
ניט אָטעמען, אָהן דיר, מיין האַר,
מיין גנעדיגער!..



איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף —
די זון געשיינט האָט העל:
ס'האָט עמיצער אַ מזל-טוב
געפּליסטערט אויף מיין שוועל.

איך האָב די אויגען צוגעמאַכט —
געלעגען אומבאַוועגט:
דאָס האָט מיר גאָט א גרוס געבראַכט,
פון שלאָף מיך אויפגעוועקט.



די זון איז פרי היינט אויפגעגאַנגען —
ווי לויטער און ווי גרויס! —
און דורכגעשפּיזעלט די פאָרהאַנגען,
די ווייסע, פון מיין הויז;

די זון איז פרי היינט אויפגעגאַנגען —
און אָפּגעגילט די שטאָט:
וואָס קאָן איך נאָך פון דיר פאַרלאַנגען,
מיין גוטער, גוטער גאָט?!



אין הויז איז וואַרים, שטיל און גוט,
אין יעדען ווינקעל: רו;
אין הויז דיין גוטער פליגעל רוט,
אין יעדען ווינקעל: דו.



ס'איז וואָר:
מיר איז נאָך אלץ ניט קלאָר,
פארוואָס
דער צדיק וואוינט אין כאַטע,
דער רשע — אינ'ם שלאָס,
און דאָך:
פאַרשטאַרקט דאָס מערער נאָך
מיין גלויבען אין מיין האר, —
צי זאָל דאָס זיין דערפאַר,
ווייל אינ'ם שווערען יאָך,
ווייל אינ'ם גרויסען צער
צעשטראַלט
זיך העלער נאָך
זיין לויכטענדער געשטאַלט?
צו אפשר גאָר דערפאר,
ווייל אָט די רעטעניש
איז מאָדנע וואונדערבאר
און דאָס פארשטארקט אלץ מער
מיין גלויבען אין מיין האר?

❧

ווי דער בלינדער אלטער קלאַמערט זיך אָן שטעקען,
קלאַמערט זיך מיין וועזען צוטרויליך צו דיר,
מיינע הענט די בלינדע ציען זיך און שטרעקען,
צו דיין אויפגעפּראַלטער, דורכגעשטראַלטער טיר.

גוט איז ניט צו וויסען, ווי אַ קינד צו שטוינען
און זיך אייביג שפּירען אין אַ פרעמדען לאַנד,
פאַר'ן זכות אין שכנות בלויז מיט דיר צו וואוינען,
און צו זיין געפירט פון דיין געבענשטער האַנט.



הער זיך איין צום אָפּקלאַנג פון די שטומע גלעקער
פון דער אָפּגעבּרענטער און פאַרלענדטער שטאָט,
הער זיך איין צום עכאָ פון די ווילדע העקער
פון דער אָפּגעבּרענטער און פאַרלענדטער שטאָט.

איבּער אש און גלאָווניעס, איבּער טויט און וויסטע
שוועבּט ארום דער אָטעם פונ'ם גרויסען גאָט,
איבּער די יסורים גרויסע און אומזיסטע
שוועבּט ארום דער אָטעם פונ'ם גרויסען גאָט.



דיינע מעשים זיינען לאָמפּען־שיין אין קעלער
וואָס צעשטעכט דעם פאַנצער פונ'ם קעניג־שוואַרץ,
דורך די מעשים דיינע ווערט אונז עטוואָס העלער,
ווערט אונז עטוואָס לייכטער אויפ'ן שווערען האַרץ.

נאָכדעם, ווי די וועגען זיינען אויסגעטראָטען
און די וויטסטע ווינקלען זיינען אויסגעפּאָרשט,
וועלען אַלע צווייפלער אויפהערען צו שפּאָטען
און צו דיר זיך ווענדען מיט געבעט און דאָרשט.



מיט גאָלד־געפּאַקטע פּעסער
און שקלאַפן גאַנצע פאָלקען,
מיט ריזעדיגע שלעסער,
וואָס גרייכען ביז'ן וואָלקען;

מיט וואונדער אינסטרומענטען,
וואָס גרונטעווען דעם באָדען,
מיט רייכע אָרנאַמענטען
און מיט געווער באַלאָדען:

דאָך זיינען זיי ווי מילבען
אין ערדען־לאָך אין בלינדען
און ווי די וואַסער־זילבען,
זיי קומען און פאַרשווינדען...



זיי פּרואווען געגען דיר
זיך פאַראייניגען,
און רופען געגען דיר
צו ווידערשפּעניגען: —

זיי ווילען טראָן און קרוין,
פון ערד אָפּרייניגען:
דאָך דו וועסט איבער אונז
אויף אייביג קעניגען...



אין יעדערען פון אייך — איך ווייס —
איז דאָ א פונק פון אים,
און דאָס, וואָס איר זייט גרוי און בייז
איז בלויז א גרים:

איך ווייס: איך בין דאָך אויך אזוי —
דורכאויס גרימירט, פארשטעלט:
פון דרויסען וואָכעדיג און גרוי,
אין הארצען — קוועלט...



ס'איז איבעריג דאָס מעסטען
די איילען און די מיילען:
פון קלענסטען ביז'ן גרעסטען
פון אים, צו אים זיך קנוילען;

די רגע'ס, שעה'ן, יאָרען
איז איבעריג צו ציילען:
ס'ווערט גאָרניט דאָך פאַרלאָרען
אין זיינע וואונדער-היילען.



וואוהין נאָר איך קער זיך און ווענד —
דו קומסט מיר אנטקעגען:
דורך גרויע, דורך פינסטערע ווענט
און ליכטיגע וועגען.



זיי וואָגלען דורך, פאַרביי דיין שוועל
און וואנדערען
פון איין שטאָק־פינסטערען טונעל
אין אנדערען:

זיי האלטען אָן זיך פאר די הענט
און קלעטערען
און פּרואווען אלץ די בלינדע ווענט
צעשמעטערען;

זיי פּטר'ן אומזיסט די מי
די שטויביגע,
ווייל אייביג הערשט די נאַכט פאַר די
ניט גלויביגע.



איך שעם זיך צו רעדען פון דיר
מיט יענע נאַראָנים —
זיי פרעגען אַלץ שפּאָטיש ביי מיר, —
ווי זעט אוים דיין פּנים?

זיי פרעגען, און דאָך אין דיין זייט
זיי ווילען ניט קוקען:
זיי דרייען זיך אוים, יענע לייט
צו דיר מיט'ן רוקען...



זיי קומען צוזאמען די גרויע
אין קירך, צי אין שול
און בויגען מיט גרויסער הכנעה
די קעפּ פאר דיין שטול:

זיי פירען מיט דיר אַן געשפרעכען,
ווי אויף א יאריד
און ווייסען ניט אז זיי פארשוועכען
דיין נאָמען דאמיט: —

דיך גרייכט בלויז דעם איינזאַמענ׳ס תפלה,
דאָס שטילע געוויין,
דעם איינזאַמענ׳ס תפלה, די שטילע
פון איינעם אליין.



ווען די שעה וועט שלאָגען
פונ׳ם גרויסען סוד —
דאָס צו איבערטראָגען,
גיב מיר כח, גאָט!..

ווייל, ווי יעדען זינדער,
שוידערט מיר און לאָקט,
יענער גרויסער וואונדער,
ווען די שטונדע שלאָגט...



דער טאָג איז ווייט, ס'איז ערשט אצינד
אין מיטען־וואָך:
האָב ניט גענוג פאַר מיינע זינד
געליטען נאָך...

דער צער איז וואונדערליך און טיף,
גאָר אָהן אַן ענד, —
און איך, איך זיץ אליין אין ארכיוו,
פאַרלייגט די הענט.



מיין זעל איז אין פלאַמען געוויקעלט
און ווערט ניט פאַרצערט,
מיין זעל איז צעריסען, צעשטיקעלט,
און ווערט ניט צעשטערט;

איך פרואוו ניט דאָס פייער פארלעשען —
איך האָב ניט קיין שרעק:
די וואונדערליך־שטילע דעפעשען
באלייכטען מיין וועג...



זיי קומען די נעכט און די טעג
די פארלאָפענע,
זיי קומען צוריק אויפ'ן וועג
אויסגעשלאָפענע.

זיי שמייכלען: מיר ווערען ניט אַלט,
מיר פאַרגייען ניט, —
מיר בייטען נאָר אונזער געשטאַלט
און פאַרשטייען ניט, —

וואָס קימערט די מענשען אזוי
דאָס פארגאַנגענע,
וואָס בענקען און ציטערען זיי,
ווי געפאַנגענע? —

זיי לעבען דאָך אלע, ווי ער —
דער אומענדליכער,
זיי שטארבען דאָך קיינמאָל, ווי דער
אומפאַרשטענדליכער...

איך ווייס ניט, ווען?
נאָר דאָס וועט סוף־כל־סוף געשען:
איך וועל אַן איינזאַמער
אין מיטען פונ'ם שטאָטיגען המון
שפּאַצירען גיין —
וועט פּלוצלונג ער
פון הינטען אונטערקומען,
וועט ווייך זיין גוטע האַנט
מיר אויפ'ן אַקסעל לייגען,
און, ווי פון לאַנג־באַקאַנט,
מיך רופענדיג ביים נאָמען,
פרעגען:
— דו האָסט אויף מיר געוואַרט דאָך, יאָ? —
אָט, בין איך דאָ!..

איך זע זיי קומען מחנות־ווייז,
די ווייטע,
געפירט פון א צעפלאמטען גרייז,
באפרייטע.

פון ליכט און פרייד און פרישען טרונק,
בארויבטע, —
זיי קומען אַן, אי אלט, אי יונג,
פארשטויבטע.

זיי קומען אַן פון איבעראל,
פארזאמטע,
און איילען זיך צום פרישען קוואל,
פארפלאַמטע.

זע, די פֿעלדען פֿונ׳ם טייך
מיניען זיך און ווייען —
בשורות טראָגען זיי פֿאר אייך,
בשורות צו דערפֿרייען...

פֿאלדען, פֿאלדען, איז נאָך ווייט
צו די וואונדער-בּרעגען ? —
אוי, מיר זוכען שוין א צייט,
זוכען אַלץ און פֿרעגען !..

— ניט די בּרעגען זיינען ווייט,
נאָר די זון אנטקעגען
בּרענט און בּלענדט די צווייטע זייט
און פֿארשטעלט די בּרעגען...



אויף דער צווייטער זייט פֿון טַייך
ליגט מיין העלער קעניגרייך, —
דער וואָס זוכט דעם וועג אהין,
ווייסט שוין ווער און וואָס איך בּין...

בּיי די בּרעגען פֿונ׳ם טייך
ווארטען בּערג מיט גוטס אויף אייך,
דער וואָס גייט ניט נאָכ׳ן ווינט,
דער איז זוכה און געפֿינט...



ווער דו ביזט,
וואו דו ביזט, —
זוך אים און באגריס אים;
דורך דער וועלט בענשונג פליסט,
פליסען, פליסען נסים...

איז דיר שלעכט, —
בעט אים נאָר,
בעט אים און באגריס אים:
פאר דיין אויג קומען פאָר
גרויסע, ליבע נסים...

איז דיר גוט, —
דאנק אים, דאַנק,
דאַנק אים און באגריס אים:
אינ'ם שראַנק
פון דיין הארץ
מערען זיך די נסים...

דאָס אומגליק קומט פון ערגעץ אָן,
נאָר קיינער זעט עס ניט —
בלויז איך — איך זע זיין שאָטען שוין,
איך הער די דומפע טריט.

אזוי ווי ס'נעמט באוועגען זיך
דער הויכער סאָסנע־שפּיץ,
נאָך איידער ס'קומט דער שטורעם אָן
און ס'טרעפט דעם בוים דער בליץ —

אזוי דערשפּירט מיין בלודנע האַרץ
דעם הימעל'ס בייזען גזר
און זאָגט מיר אָן דאָס אומגליק פון
דער קומענדער געפאר...



די טיפע נעץ ליגט אויסגעשפּרייט
און לויערט אויף איר פאנג,
דער שארפער סערפּ ליגט אָנגעגרייט
ביי'ם וואָרצעל פון'ם זאנג.



דאָס אומגליק קומט אָן אויף א פערד
אין שרעקליכען גאלאָפּ,
דאָס אומגליק קייקעלט זיך אויף דער ערד
פון גרויסען בארג אראָפּ.

דאָס אומגליק קומט — אָט איז עס, אָט! —
דאָס שפּרינגט אויף מיר ארויף...
מיין גאָט, מיין גאָט, מיין גרויסער גאָט,
שטעל אָפּ זיין ווילד געלויף!...



איך וועל ניט אַהיים גיין: כ'האָב מורא —
דאָס אומגליק דאָרט וואַרט
און קיינמאָל ביז איצטער, מיין הארץ נאָך
האָט מיך ניט גענאַרט...

וועל בּלאָנקען אַזוי אין די גאַסען
דורך טאָג און דורך נאכט —
און זאָלען די טיר און די פענסטער
פון הויז זיין פארמאַכט;

כאָטש דורך א שפּאַרינע אפילו
דאָס אומגליק זיך שלייכט
דאָך קאָן דאָך אַמאָל אויך פּאַסירען
א וואונדער פּילייכט!



מיין האַרץ איז אַנגעוויטאַגט היינט
און טריב,
און גרוי,
און שווער איז מיר צו האָבען ליב
די מענשען:
איך בענק נאָך עמיצען — מיר אומבאקאנט,
וואָס זאָל
מיט לאַסטשענדיגע הענט
מיך בענשען,
ווייל איך אליין
בין, ווי א שפּאָן,
וואָס קאָן
זיך קעגען פייערס גליענדיגע ציין
ניט ווערען —
זיי זאָלען מיך, אָהן רחמים, ניט פארצערען...

איך בין אויף פּיצלאך א
צעשפּאָלטענער,
פון אייביג־אָן אזא
פארשאָלטענער;

אזוי געוואָלט האָט דער
באַפעלענדער:
אויף דער ערד מוז זיין אויך ווער
אן עלענדער...

זיי זיינען אלע
שטאַרקער,
גרויער,
דורכגעטריבענער
פון מיר, —
עלענבויגענט דורך דעם מויער
יעדער זיך א וועג צום טיר, —
בלייב איך אין די לאבירינטען
איינגעפלאָכטען,
ווייט פון הינטען...



פרעס הארטער, פרעס
דיין קנאפעל אויף מיין נאַקען, —
איך וועל ניט אונטערגעבען:
דו מעגסט אויף פיצעלעך דאָס ווערעמעל
צעהאקען,
דאָס וועט, ווי דורך א נס,
נאָך אימער בלייבען לעבען,
און איך, דער שטילער מענש,
פון בלאָטע און פון שטראַלען,
וועל קיינמאָל, קיינמאָל ניט
אין דיינע זומפען פאלען...



ווען דער מזרח ברענט
מיט צעשמעלצטען גאָלד
און דער הימעל ראָלט
זיין אזשור צענויף, —
אין דער העלער שעה
פון צעגליטען בלאָ
זיינען מיינע הענט
איינגעטונקט אין קויט,
אין דער העלער שעה
פון צעבליטען רויט,
אין דער ליבער שעה
קויף איך און פארקויף...



ווען דער מערב גליט
הינטער'ן בלאָען וואַלד
זע איך ניט —
מיין ליד
בלייבט דערשטיקט
און קאלט...



ווי פאַס איך זיך אהער ? —
איך בין,
ווי שפּינוועבס דין,
און זיי — פאַרגרעבט און שווער.
און דאָך:
איך קום דאָ יעדען טאָג,
קום יעדע וואָך,
און יעדער וואָרט און בליק פון זיי
טוט ווי, טוט ווי
אזוי,
ווי ס'וואָלט ווער מיט אַ טשוואָק
אין הארצען מיר געטאָן אַ שטאָך...



פאַראומריינט, פאַרשוועכט און צעטראָטען
זיך וואלגערט אין בלאָטע מיין זאלב,
איך ליג, אינ'ם קויט איינגעקנאָטען,
צופוסענס דעם גאָלדענעם קאלב.



זיי גייען מיר פארביי, —
און ווער פון זייערע ווייסט,
אז דאָס בין איך,
אָט דער,
וואָס האָט געבראכט
א רגע טרייסט
צו זיי
אין זייער טריבער נאכט?
און ווער וועט טרייסטען מיך,
אָ, ווער?



מיט א לעבען ניט קיין היגען
האָט מיך גאָט באשענקט:
גיי איך אום דאָ מיט'ן ליגען,
פרעמד און אָנגעשטרענגט...



טומעלט זיך בײַ לײַטען —
בלײַבט דאָך װער א זיגער:
שטײ איך פֿון דער װײַטען,
פּונקט װי ייִמ קײן היגער;

צװישען שאָף און טיגער,
טומעל און געפּילדער —
װער איך אַלץ מער קליגער,
שטילער אַלץ און מילדער...



דער טאָג איז געשטאָרבען
אין שמאַרצליכע פֿאַרבען
און האָט אויף מײַן שטערען
פֿאַרמערצאָלט די קאַרבען;

דער טאָג איז פֿאַרשװאונדען,
דער אָבענד — געקומען
און האָט מיר מיט ליבשאַפֿט
פֿאַרבונדען.
די װאונדען.



אלע שפּאלטען — אויסגעפּילט,
אלע ווינקעלעך — פאַרכאַפּט,
אלע קאָרטען — אויסגעשפּילט:
מזל האָט ניט אָנגעקלאַפּט...

לאָז ארונטער ביידע הענט,
פּרואוו ניט מער דאָס מזל אויס:
אפשר, ווען דו ביזט פאַרלענדט,
קלאַפּט עס אָן צו דיר אין הויז?!..



וואָס־זשע זאָל איך טאָן,
אויב ניט דעם פאָדים ציען?
דער בליץ פאַרבּרענט דעם דאַך,
וואָס דו האָסט מיר אַנטליען,
דער ווינט צעוואַרפט די ווענט,
וואָס דו האָסט מיר געבּויט, —
וואָס־זשע זאָל איך טאָן,
אויב ניט דעם פאָדים ציען,
ווען איינמאָל האָט מיין זעל
אָן דיר זיך אָנפאַרטרויט?!



זיי שווינדען, שווינדען שנעל
די גוטע שעה'ן
און לאָזען אונזער זעל,
געהילט אין גראָען:

ס'איז ווייניג אונז באשערט
דאָס גוטס געניסען,
און אונזער הארץ — עס ווערט
פון צער צעריסען...



איך ווייס:
די אומרו וועט מיך קיינמאָל לויז
ניט לאָזען,
און ווי עס בויגען זיך פון ווינד,
אין סטעפ, די הויכע גראָזען,
אזוי וועל איך, אַ נאריש קינד,
פאר'חלומ'ט און פארקלערט,
פאַרבייגיין דורך דער ערד.



גלייך מיט'ן מאָרגען־ליכט,
שלייכט ער זיך צו מיר אריין א גרויער, —
א רויער,
אַ דורכדרינגליכער, אַ צודרינגליכער,
שפּרייט ער זיך אויס אויף אַלע ווענט,
אין אלע שטיבער, אויף די באַלקענס,
אויף די דילען, אין די שפּאַלטען;
ער פאַרוואַרפט אַרום מיין האַלדז אַ שטריק,
אַ שטעכיגען, אַ פּעכיגען,
אוןווערגט...
ווי איינער וואָס ראטעוועט זיך פון פייער,
טו איך זיך אָן אין איילעניש,
און לויף, פון רויך זיך שטיקענדיג, צום טיר;
ער פאַרמירט זיך אויגענבליקליך אין א שלאַנג,
אַ מיילען־לאַנגע שלאַנג,
אַ קלעפּיגע, פילקעפּיגע,
אַ גליטשיגע, א שפּיציגע,
קנוילט זיך צענויף,
ציט אויף זיך ארויף א זאַק
און לייגט זיך אויף מיין פּלייצע...

אַ געבויגענער, איינגעצויגענער,
שלעפּ איך זיך אַ גאַנצען טאָג איבער'ן שטאָט,
און ווען דער מערב-פלאַקער הויבּט אָן בּלייכען
קער איך זיך צוריק אין שטוב אריין, —
דער שלאַנג וואַרפט פון זיך אַרונטער דעם זאַק,
לייזט זיך אויף ווי אַ גאַז
און ווידער פילט ער אָן די לופט פון אַלע שטיבּער... —
בּלויז אין שלאָף האָט ער קיין שליטה ניט איבער מיר:
דאָרט, אין מערכען לאַנד, אין לערכען-לאַנד,
בּין איך אַ פרייער...



ווערט דער אָוועגט גרויער, גרויער,
שפּרייט צוערשט זיך אויף די שויבען
נאָכדעם אויף די פּאָרהאנג־שפּיצען, —
טשעפּעט מיך ניט:
אָט־אזוי־אָ
מיט מיין זאָנדערבּארען טרויער
לאָזט מיך אָפּגעזונדערט זיצען
אין דער טונקעל,
אינ'ם ווינקעל,
ווייט פון טומלענדען המון;
לאָזט מיך דאגה'ן,
לאָזט מיך שווייגען
אינ'ם ווינקעל, אינ'ם גראָען,
גאנצע שעה'ן,
מיט מיין אייגענעם שגעון
איין־אליין,
ווי מיין גיפּסענע סטאַטוע:
איין־אליין...

האָסט מיך געלאָזען שטיין
ביים זוים פון שאָטענלאַנד
און מיר באפוילען גיין
אויף וועגען אומבאַקאַנט.

אין נעבעל איז געווען
דאָס שאָטענלאַנד געהילט,
און וואָס האָב איך געזען?
און ווי מיין דורשט געשטילט?

פון יענעם נעבעל־טאָג
הערשט אומרו אין מיין הויז
און אלץ וואָס איך פאַרמאָג
איז נעבעל, נעבעל בלויז.



דער ראָד ווערט אלץ מער ענגער.
צי וועלען כחות סטייען
צו ווארטען, ווארטען לענגער
ביז דו וועסט מיך באפרייען?

די בלוליך־געלע רינגען
פארמערען זיך, פארמערען, —
דער תהום וועט מיך פארשלינגען
ביז דו וועסט מיך דערהערען...



פאָלגט מיר נאָך א שווארצער
— שאָטען נאָכאַנאַנד
פרעמד און אומבאַקאַנט...

ליג איך איינגענורעט
— אויפ'ן בעטעל'ס ראַנד
ליגט ער אויפ'ן וואַנט...

ווי אַ בלינדען פירט ער
שטום מיך פאר דער האַנט
אין א פרעמדען לאַנד...



שאָטען האָט מיט ווייכע פינגער
— אָנגעקלאַפּט אין טיר
קיינער האָט אין גאנצען הויז זיך
ניט געטאָן קיין ריר...

האָט געפרעגט די אלטע הויז-פרוי:
— ?ווער איז ביי דער טיר
האָט אַ קברים'דיגע שטילקייט
אָפּגעענטפערט איר...



ס'האָבן יעדן איינעם'ס אקסלען
פלוצלונג אויפגעצוקט —
דורכ'ן פענסטער, דוכט זיך, שאָטן
האָט אריינגעקוקט...

קיינער ווייס ניט — יעדן דוכט זיך:
שאָטן האָט געקוקט... —
האָט זיך איינער צו דעם צווייטן
נעהענטער צוגערוקט...

❧

עפענט אויף די פענסטער,
ריגעלט אויף די טירען:
פון דער ווייטענס הער איך
שאָטן גייט שפּאַצירען...

זאָל ער אין מיין צימער
אָהן א שטער זיך שלייכען:
'וועל דאָך סיי ווי סיי ניט
קאָנען פון אים ווייכען...

❧

ס'וועט זיך באַלד דער פאַרהאַנג
שטיל ארונטערלאָזען:
מיניעט זיך דער הימעל,
בויגען זיך די גראָזען...

ס'וועט זיך באַלד דער פאַרהאַנג
שטיל ארונטערלאָזען:
וועל איך האָבן אַ טענה
שטיל די ערד פארלאָזען...



איך וועל האָבן א פאַרוואורף
לאָזען די שיין
און דעם לעצטען בעכער וויין...

איך וועל מיט הכנעה
בויגען מיין קאָפּ
פאַר מיין לעצטען גארדעראָב.

איך וועל האָבן אַ בענקשאפט
לאָזען מיין גוף
ביי דעם ערשטען שטילען רוף...



אויף די פינגער שפּיצען
גייען אַלע אום,
נאָר די אלטע זיצען
שטום.

לוסטרעס און גירלאַנדען,
איינגעהילט אין גראָ, —
אומבּאַקאַנטע לאַנדען
דאָ.

אנקערען די שיפען
צו די בּרעגעס צו,
אָרגעל־טענער טריפען
וואו.

שטילע טרערען פאלען,
פאלען אויפ'ן פּליוש,
פלאַטערט דורך אין זאל אַ
קוש...

מיין וואונדערבארע, דו

דו האָסט זיך מיר באַוויזען
ווי א וואסער-קוואל
פאר'ן דורשטיגען וואנדערער,
ווי דער ערשטער שפּראָץ פון פרילינג
אין דער רויכיג גרויער שטאָט... —
און וואָס האָב איך געגעבען דיר דערפאר? —
אומענדליך-טיפען צער!.. —
דו טראָגסט די גרויסע לאַסט,
אַ שטילע, אַ געדולדיגע,
טאָג איין, טאָג אויס, —
קיין פאָרוואורף-וואָרט, קיין זיפץ:
אזוי קאָן אַ מאַרטירערין,
אַ הייליגע בלויז זיין...

בין אויג אויף אויג מיט דיר
און קאָן קיין וואָרט געפינען,
וואָס זאָל אַ צייכען זיין
פון מיין צעגליטער זעל,
וואָס זאָל אַ צייכען זיין
און פאר אַן עדות דינען,
וואָס ביסט פאר מיר, זייט דו
באַשטיגען האָסט מיין שוועל...

אויף יענער זייט פון וואָרט
ליגט איינגעהילט מיין אמת
אין שלייערען פון פייער,
אַן שלייערען פון גלות,
און שווער איז מיר צו געבען
דיר דעם מינדסטען רמז,
ווי ס'שווינגט, און זינגט, און קלינגט
דיין וועזען אין מיין בלוט...

מיט לײדיגע הענט
און פֿאַרשולדיקטען בליק
באַגעגען איך זי יעדען טאָג,
יעדען טאָג,
און װי שנײ אונטער א װאַרימער דלאָניע
װערט מײן האַרץ צעשמאָלצען...
איך װײס ניט: צי איז נאָך א מאַן פֿאַראַן,
װאָס ליבט אַזױ זײן פֿרױ
און שפּירט זיך נישטיג געגען איר אַזױ,
װי איך?!
פֿאַלען דאַרף איך דאָך צו אירע פֿיס,
אָפּװישען דעם שטױב פֿון אירע שיך
און דולדען, דולדען, דולדען איר קאַפּריז, —
פֿאַרװאָס־זשע טו איך ניט אַזױ? —
א פֿאַר'משכנ'טער בין איך אין אירע הענט
און קאָן ניט צאָלען מײנע װעקסלען...

### פלוצלונג

דו ווייסט עס ניט, —
נאָר אָפטמאָל, ווען איך קער צוריק,
פאַרטעמפּט און מיד,
פון שווערען טאָג זיך יאָגען נאָכ׳ן ג ל י ק,
נעמט פּלוצלונג קלאַפּען אומרואיג מיין האַרץ,
איך איל מיט האַסטיגערע טריט
און אויף די ליפּען מיינע הענגט,
פאַרבענקט
דיין ליבער נאָמען...
און ווען איך שוועב
אַרויף,
אין ראַשיגען געלויף,
צעשראָקען אויף די טרעפּ
צעפּראַל מיט האַסט די טיר,
דערהער דיין האַרציג קול
און קומסט אַנטקעגען מיר —
איז פונקט, ווי כ׳וואָלט
באַגעגנט דיך צום ערשטען מאָל...

זי איז דאָך אַזאַ צאַרטע, —
דורכזיכטיג און העל, —
און צווישען אונז, די האַרטע,
איז אומרואיג איר זעל...

ווען דו האָסט זי באַשאַפען
די וואונדערבאַרע, שטילע, —
געאנקערט אין דיין האפען
האָט דאַן אַ צדיק'ס תפלה...



איך הער אין שלאָף איר וויינען,
איך הער אין שלאָף איר כליפען,
איך שטיל זי איין, מיין שיינע,
מיט קושען אויף די ליפען;

זי קרעכצט אין שלאָף, מיין גוטע,
און קאָן קיין רו געפינען:
פאַר איר, גאָט, אַ באַרוטע,
איך וועל דיר אייביג דינען...

מיר איז געווען צו גוט,
האָב איך ניט אָפּגעשאצט
גענוג
יעדע שטונדע און מינוט,
וואָס גאָט האָט מיר באַשערט
און איצטער האָט געפּלאַצט
דער קרוג,
מיט גינגאָלד פול,
און האָט צעשטערט
דעם פּאָדים פון׳ם וואונדער־שפּול,
וואָס האָט מיין האַרץ מיט גליק גענערט.

מיר איז צו גוט געווען...
און גאָט אליין
האָט זיך פארבענקט
און אָפּגענומען זיך צוריק
א חלק פון׳ם גרויסען גליק,
וואָס ער האָט מיר געשענקט.

און וואָס וועט איצטער זיין? —
ווי וועל איך איבערלעבען בלויז איין טאָג
אָהן יענעם שיין? —
זאָג, מיין וואונדערבאַרע, זאָג! ...

ניט נעם אַוועק דיין האַנט, דיין גוטע פון מיין שטערן,
זי שטילט אַזוי דעם דורשט פון מיין צעפּלאַמט געמיט,
ניט לאָז דעם בלינדען פלאַם, ניט לאָז דעם פלאַם
פאַרצערען
דעם שוואַכען שפור פון מיינע וואַקעלדיגע טריט...

דער טאָג צערינט דורך מיינע דורכזיכטיגע פינגער,
און ווי א וואָלקען־רויך ווערט אויפגעלייזט מיין וואָך,
איך ווער מיט יעדען טאָג, מיט יעדער רגע אינגער,
כאָטש ביי דעם שפיגעל־גלאָז בין איך אן אַלטער דאָך...

איך שטיי ביים קוואל פון גוטס, דאָך קאָן איך זיך ניט
ווערען
אַנטקעגען ווילדען שטראָם, וואָס ברעכט זיך דורך
מיין שוועל... —
ניט נעם אַוועק דיין האנט, דיין גוטע פון מיין שטערן:
דאָס לעשט אזוי מיין העליש־פלאַקערדיגע זעל...

אין שיינעם קאָפּ פון מיין איין און איינציגער
פארמערען זיך פון טאָג צו טאָג
די העלע פעדים, —
אָ, הימעל!
איך ווידערשפעניג ניט,
ווי ס'ווידערשפעניגט ניט
דער שטויב פון אונטער מיינע פיס
אַנטקעגען מיר,
נאָר א פארלאָרענער,
אין אוממאַכט,
זאָג איך גלאַט אזוי צו זיך אליין:
אין שיינעם קאָפּ פון מיין איין און איינציגער
פאַרמערען זיך פון טאָג צו טאָג
די העלע פעדים...

### וואַסער־בלעזלאַך

מיינע שטאַמעלדיקע ווערטער,
ווי די וואַסער־בלעזלאַך איבער אַ דערטרונקענעם,
גרייכען זעלטען צו דעם אויער
פונ׳ם רעטער:
בול, בול, בול —
שטילע, קליינינקע און שוואַכע
בולבען, בולבען זיי אַ ווײַלע
און פאַרגייען...

## ?

ווער בין איך, ווער?
וואָס בין איך, וואָס?
ס'ווערט מער און מער
אלץ טונקעלער
אין מיין פארשטאַנד:
דער טיש, דאָס גלאָז,
מיין האנט,
די וואנט
איז מאָדנע פרעמד
און אומבאַקאַנט,
ווי כ'זאָל
צום ערשטען מאָל
דאָס אַלץ דערזען...
און דאַך איז עפּעס יאָ באקאנט
פון ווען?
פון וואו?
אין הארצען קלאַפּט
געשווינד, געשווינד,
איך מאַך פון שרעק די אויגען צו
און אלץ פארשווינדט...

איך וואָלט געוואָלט
דער הערבסט זאָל אייביג דויערן
און אייביג זאָל
זיין אומעט זיין אין שטאָט,
זיין בראָנז און גאָלד
זאָל בלאַנקען אויף די מויערן
און שפּרייטען זיך
אויף יעדען שריט און טראָט;

דער הימעל זאָל
מיט גסיסה־פאַרבען גליטערען
און מיניען זיך
און בלייכען נאָך און נאָך;
דאָס הערבסטיג קול
זאָל אין דער לופטען ציטערען
און גלעטען זאָל
פון הערבסט דער פליגעל־פּאָך;

און זאכט און שטיל —
אָהן מורא צו פאַרשפּעטיגען —
זאָל גיין דער מענש
שפּאַצירען איבער'ן שטאָט,
ווי דער, וואָס וויל
און קאָן זיך ניט אָנזעטיגען
און גייט אָהן ציל
און גייט זיך טראָט ביי טראָט...

ווער האָט די ווענטקע געלאָזען
ביים ברעג פון מיין טייך?
ווער האָט צעטראָטען די גראָזען,
דאָס גראָז פון מיין רייך?

— פאַן האָט די ווענטקע געלאָזען
ביים ברעג פונ׳ם טייך,
דאָס גראָז איז צעטראָטען פון האָזען,
די האָזען פון רייך!

ווער האָט די ניסלעך געביסען
פון דרעמלענדען בוים?
ווער האָט טיולפאַנען געריסען
פון קוסט אין געהיים?

— וועווערקעס האָבען געביסען
די ניסלעך פון בוים,
דער ווינט האָט טיולפאַנען געריסען
פון קוסט אין געהיים!

ווער האָט געשפּיגען אין ברונען
פון זילבערנעם קוואל?
ווער האָט דאָ ליגען געשפּונען
פון גיפט און פון גאל?

— אַ מענש האָט געשפּיגען אין ברונען
פון זילבערנעם קוואַל,
אַ מענש האָט דאָ ליגען געשפּונען
פון גיפט און פון גאל!..

## ער

ער איז געזעסן צווישן זיי —
די אויגן — מילד און טיף,
זיין פּנים — דורכגעקרייצט פון צער,
פאַר'חלומ'ט און נאַאיוו.

ער האָט גערעדט ניט פליסיג-גלאַט,
אָהן גלאַנץ און אָהן עפעקט, —
ער האָט גערעדט פון ריינעם הארץ,
זיך, ווי א קינד גערעגט.

ארום: די לייט — פארגרעבט און שלעכט
און נאריש, ווי די גענז,
בארוישט פון זיך אליין און פון
דער לוסט נאָך לאָרבער קרענץ —

זיי האָבן אים געענטפערט פרעך
און שטעכעדיג און גראָב,
און ער — ער האָט מיט שיינעם צער
געבויגן טיף זיין קאָפּ.

און ווי א קינד האָט ער זיך אלץ
פארשעמט ארומגעקוקט,
און ווי א קינד, צעשראָקען, בלייך
זיך שטיל ארויסגערוקט.

שווים, לבנה, שווים —
מיין בענקשאַפט טראָג צו אים :
דערצייל אים דאָרטען אין דער ווייט
מיין גרויסע איינזאמקייט.

גלעט, לבנה, גלעט
מיין האַרץ ווי אַ געבעט :
הייל אוים מיין ביטער האַרץ ווי גאַל
מיט דיינס אַ זילבער־שטראַל.

זאָג, לבנה, זאָג,
ווען קומט דער גרויסער טאָג :
ווען קומט דער גרויסער טאָג, ווען ער
וועט אומקערען אהער ?...

דער וועג לויפט אין זיג־זאגען אַלץ,
באַדעקט מיט הרודעס כלאַם,
און פון דער ווייט,
אין לאַנד, וואו ס'האָט דער אויפגאַנג אונזערער
געבליט,
אַלץ העכער ציט דער פלאַם
און טראָגט אויף זיינע צונגען
אברים פון אונזער לייב און זעל אַוועק
אין חלל'ס שטומער ספער...
און דאָ: טאָג איין, טאָג אויס,
מיר שלעפען זיך ווי טשערעדעס בהמות
צו דער פאַשע און צוריק,
און שטעלט זיך איינער אָפּ אין מיטען וועג און פרעגט:
וואוהין? —
פאַררייסען אויף א ווײַלע מיר די נאָכגעלאָזטע קעפּ,
באַטראַכטען אים מיט חשד
און דראָען אים מיט קלעפּ,
די מיט אַ בעסער הארץ, די זיפצען שטיל ארויס:
ער איז אראָפּ פון זין...
זיין זעל ווערט אויסגעברענט פון דורשט
פון מידקייט — זיינע טריט

און אָפּט באַפאַלט אים, ווי א רויב־פויגעל
א שפּיזיגער געדאַנק:
און אפשר בין איך טאקע ניט ביים זין?... —
אַזוי־אָ שלעפּט ער זיך דער לעצטער
נאָך דער טשערעדע אין שטויב,
און ס׳שרפה׳ט אים אָהן אויפהער דער געדאַנק:
וואוהין?..

זיי גוט צו מיר

זיי גוט צו מיר, זיי גוט,
ניט זשאַלעווע קיין לאַסקע, —
איך בין אַן עלענדער, וואָס טראָגט אַ בונטע מאַסקע
פון פריילעכקייט און וויץ און לייכטע שטיפערייען,
דאָך קאָן איך איין מינוט,
פון שרעק זיך ניט באַפרייען,
וואָס פלאַמט ביי מיר אין בלוט
און הערט ניט אויף צו שרייען
מיט וואַנזיניגען וואוט,
היפנאָטיש און באַפעלענד... —
זיי גוט צו מיר, זיי גוט:
איך בין אָהן גרענעץ עלענד...

אויפ׳ן פאַרבלוטיגטען הימעל
שנירלען זיך קופּערנע שלאַנגען
מיט רוקענס פאַרבלויטע, ווי שימעל —
די זון איז שוין אונטערגעגאנגען.

וויקלען זיך זילבערנע שנורען
אויף פיאָלעטאָווע שטאַנגען,
צעפּלאַמען זיך גאָר לעצטע שפּורען —
די זון איז שוין אונטערגעגאנגען.

ליאַמעווען קרוזשעווע פראַנזען
זיידענע פייער־פאָרהאנגען,
פאַרגייט זיך דער הימעל פון וואַנזין —
די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען.



אויפ׳ן צעאַקערטען הימעל
ציען זיך רויך־קאַראַוואַנען
פאָרענט א ריזיגער גימל
גליטשט זיך מיט בערישע שפּאנען;

רויכיגע נעבעל־געשטאַלטען
ציען זיך אוים אין שערענגעס
דרינגען אריין אין די שפּאַלטען
בלויליכע, רויכיגע סטענגעס.

הילט זיך די שטוב אינ׳ם נעבעל,
הילט זיך אין נעבעל דער גאָרען,
איך מיט דער שטוב מיט׳ן מעבעל
ווערען אין נעבעל פארלאָרען...

אָפּראַזירטע, גלאַטע
גייען מיר אַרום,
רואיגע און זאַטע,
שמעקען מיט פּאַרפיום;

רופען אַן אסיפה,
זאמלען געלט פאַר זיי,
ווייזען אונזער טיפען
מיטגעפיל און וויי;

קניטשען מיט דער פּליִיצע,
זיפצען טיף: אַ שאָד! —
און מיר זיינען יוצא
געגען זיך און גאָט.



אונזער שמאַרץ איז נישטיג,
טוט אונז שאָדען ניט,
אַז מיר עסען פרישטיק
מיט אַן אַפּעטיט.

פלאַך איז אונזער וויטאָג,
נישטיג — אונזער פּיין,
אַז מיר עסען מיטאָג
און מיר טרינקען וויין.

פאַלש איז אונזער וויטאָג,
פאַלש איז אונזער קרעכץ —
אונזער האַרץ איז קויטיג,
אָנגעפילט מיט שלעכטס.



אייער אויסגעבלייכטער שאָטען
אונז פארפאָלגען זאָל,
זאָל ער לאַכען, זאָל ער שפּאָטען
מיט אַ הייזעריג קול, —
וועלען מיר זיך ווי די קראָטען,
גורען יעדען מאָל...

זאָל אונז רופען, זאָל אונז שטראָפען
אייער גרויסער צער,
ווי נאָך אונז וואָלט נאָכגעלאָפען
עפּעס אַ געפאַר, —
זאָל ער אונז ניט לאָזען שלאָפען:
שיקען א קאָשמאַר...

זאָל ער נויגען, זאָל ער בויגען
אונזערע קעפּ צו דר'ערד,
זאָל ער פאָכען פאר די אויגען
אונז מיט שפּיז און שווערד —
וועלען מיר דאן ווי די צויגען,
וויסען אונזער ווערט...

אָוועגט ליד

צי זיך, צי זיך
אָוונט בלייכער,
אָוונט גומער,
אָוונט ווייכער:
טרייסטער מיין, —
ווי א הארציגע געליבטע,
ווי אַ מוטער
נעם מיך איין,
שטיל מיין גרויסען, שווערען קומער,
שטיל מיין פיין...
שפּרייט זיך, שפּרייט זיך
אָוונט ליבער
אין די שטילע שטיבער
מיינע
אויפ'ן מעבעל, אויף די ווענט,—
היל מיך, היל מיך איין אין דיינע
לאַסטשעדיגע הענט...
צי זיך, צי זיך,
ליבער, צי זיך
אָהן אן ענד...

מיין הארציגע:
עס טרעפט, דו רעדסט צו מיר
און פּלוצלונג כאַפּסטו זיך, אַז איך בין ערגעץ ווייט,
אין זיך פאַרטאָן, —
דו שוידערסט אויף און קוקסט מיט חשד מיך אָן...
מיך שוידערט אויך אַזוי, —
איך שרעק זיך אָפּט אין הויז אליין צו בלייבען,
און כאָטש אַ וואַנט איז צווישען מיר און זיי,
דאָך לויף איך אַלץ אַהין, כדי
דעם פּחד צו פאַרטרייבען...
עס טרעפט:
איך בלייב אין הויז אליין,
און פּלוצלונג טוט אַ פּאַך אויף מיר
אַן אומזיכטבאַרער פליגעל,
איך טו אַ ווילדען שפּרונג,
נעם לויפען הין־צוריק
און שטעל זיך אָפּ ביים שפּיגעל:
איך שפּיר אַ מאָדנעם טריב
די צונג
אַרויסצושטעלען
און פראַווען שטיק, —
ווי איינער וואָלט מיך האַלטען אויף אַ שטריק
און מיט׳ן וואונק
באַפעלען...

## אין דאָרף

היינט פרי,
ווען כ'בּין ארויס אין סאַד
האָט ווער א קאָרבּ מיט קאָנפעטטי
אויף מיר ארויפגעשאָטען;
איך האָבּ א שפּרונג געטאָן אנטקעגען
דעם בּונטען זונען־רעגען,
פון פרייד ארומגעכאַפּט דעם הונט
און זיך געלאָזען לויפען,
רייטענדיג אויף גאָלדיג־בּלויע רייפען,
אויף פינקעלדיגע פעלדער,
פייכט פון טוי,
און זע:
די גענז בּאַגריסען מיך מיט גו־גו־אויסגעשריי,
די קאַטשקעס: פליאַ־פליאַ־פליאַ,
דאָס קעלבּעל: מע־ע־ע...
די בּערג מיט לאַנגע בּערד,
ווי טרייע וועכטער היטען אָפּ מיין ערד —
מיין קעניגרייך, —
העי, מענשען, איך בּין קעניג,
ווער איז צו מיר גלייך?!

פינקעלדיגער הימעל מיינער, —
בויג זיך אָן צו מיר,
בויג זיך אָן צו מיר;
וויפיל מאָל האָב איך פּרובירט צו דיר צו קומען,
בין איך געפאַלען אויף די שפּיצען פון די שטרויכעל-
שטיינער
אויפ'ן וועג צו דיר...
א פארשעמטער,
אַ געליימטער,
א פארוואונדעטער בין איך
און וויים ניט, ווי אזוי,
און האָב קיין כחות ניט
דיין העלען זוים צו גרייכען... —
און דו, דו הערסט ניט אויף צו פינקלען,
יעדען טאָג אליץ העלער,
יעדע נאכט — אליץ לויטערער און רויטער...
פינקעלדיגער הימעל מיינער,
בויג זיך אָן צו מיר,
בויג זיך אָן צו מיר!...

## איך האָב פּרובירט

איך האָב פּרובירט
דאָס אייזען צו צעשפּאַלטען
מיט הוילע הענט,
איך האָב פּרובירט
דאָס פייער דורכצולויפען
מיט הוילע פיס

איך האָב פּרובירט
און האָב געוואוסט, ווי אַלע,
וואָס אייזען איז,
איך האָב פּרובירט
און האָב געוואוסט, ווי אַלע,
אז פייער ברענט

## איך בין אַ שוואָם

איך לייג צו דעם אויער צום האַרצען
און וואַרט:
עס פּורעמט און שטורעמט מיט וואונדער
און שפּאַרט.

איך כאַפּ אויף מיט שטוינען און הונגער
דעם שטראָם
און צאַפּ איין און זאַפּ איין אין זיך, ווי
אַ שוואָם.

## אין קיך

איך זיץ אליין אין קיך.
קאַפּ־קאַפּ, קאַפּ־קאַפּ, קאַפּ־קאַפּ —
טריפט טראָפּענווייז דאָס וואַסער פונ׳ם קראַן
אויף גיך, אויף גיך,
און דאַן —
פּאַמעליכער, פּאַמעליכער,
מיט לייכטע איבערגוסען:
קאַפּ... קאַפּ... קאַפּ...
און ווידער טוט עס זיך א כאַפּ
צוריק:
קאַפּ־קאַפּ, קאַפּ־קאַפּ, קאַפּ־קאַפּ... —
איך האָרך:
דאָס וואַסער זינגט אַ ליד,
אן אלט פארגעסען ליד, —
איך האָב דאָס שוין געהערט אַמאָל,
נאָר וואו?
און ווען? —
הא, הא: —
אַמאָל, אַלס קינד,
בין איך געזעסען בײַ אַן אָפען פענסטער,
נאָך א רעגען;

פונ'ם דאַך

האָט פון דער וואסער־רינע אין א טעפעל
פונקט אזוי געקאפעט, ווי אצינד
פון קראַן
און אויסגעזיינגען פונקט דאָס זעלבע ליד, —
און אפשר דוכט מיר בלויז אזוי?
קאָן זיין, דאָס איז געווען
מיט יאָרען טויזענטער צוריק?
נאָר זיכער איז:
איך האָב דאָס וואסער־טראָפּען־ליד
שוין ערגעץ־וואו און לאַנג צוריק
געהערט.

## פיאַלקעס

איך האָב א גאַנצען טאָג פיאַלקעס היינט געקליבען.
די מענשען וואָלטען זיי דאָך סיי ווי סיי צעטרעטען —
און איך? — איך האָב פון זיי די שענסטע אויסגעקליבען
און זאָרגפעלטיג זיי אויסגעבונדען אין בוקעטען;

און נאָכדעם האָב איך זיי צעשטעלט ביי מיר אין
צימער
און אויך ארום די ווענט זיי איבעראַל צעהאנגען —
און ליגענדיג אין בלויען בין־השמשות־שימער
זיך איינגעהערט אין בלויע בלומען־קלאַנגען.

היינט בין איך א גאַנצען טאָג ארומגעגאנגען
איבער'ן שטאָט.
און פארנומען די איינטאָניגע געזאנגען
פון די גרויע אייזען־שטאַנגען
און פון דראָט,
וועלכע זיינען: דאָ — פארגליווערטע געהאַנגען
אין דער לופט,
דאָרט — געפרואווט
זיך פאַרמישען מיט די טראַ־טראַ־טראַ־טראַ־קלאַנגען
פון די שלאַנגען —
— אייזענבאנען,
וועלכע זיינען
אויף די בריקען,
ווי די ווילדע היישעריקען
אומגעלאָפען הין און הער —
פאָלגט מיר נאָך פון הינטען ווער? —

שפאַן איך דורך די שטיינער־גאַסען,
פול מיט דאמען,
פול מיט מענער
און מיט פערד —

גיסען, פליסען זיך צוזאמען
אין איין ריטם אייזען־טענער
מיט׳ן דומף־קלאַנג פון דער ערד,
מיט׳ן טראָט פון די אָפּצאסען
פון די דאַמען,
פון די מענער,
מיט קאָפּיטעס פון די פערד,
מיט׳ן שרייען
פון די קינדער פון דער גאס,
מיט׳ן בראַזג פון די טראַמוואַיען,
מיט׳ן קאָך
און געברויז
— פון דער גרויס־שטאָט משוגעת
— פּאָלגט מיך הינטען עמיץ נאָך?
ניין, דאָס איז מיין שאָטען בלויז!...

ווייטער, ווייטער מיט דער מענגע
דורך די גאסען,
דורך די ענגע,
ווי געשנורעוועטע פאסען,
גיי איך מיט:
גיסען, פליסען זיך צוזאמען
אין געדראנג
אלע טריט:
פון א שווערען בעל מלאכה,
פונ׳ם ארבייטס טאָג צעבראָכען,
מיט א מיידעל׳ס פלינקען
גאַנג,
ווי געזאנג;

מיט'ן קלאַנג
פון אַ גאַסען־קאַטערינקע,
מיט'ן זאָג
פון א הייזעריגען אָראַטאָר אויפ'ן ראָג
מיט'ן גרילץ
פון א וואָגען, אָנגעלאָדען מיט געהילץ,
מיט געשרייען,
פול מיט ווייען
פון די הענדלער, דאָ — מיט שמאַטעס,
דאָרט — מיט פרוכט
און אַמאָל:
מיט אַ דומפּ־פאַרשטיקטען כאָרכעל
פון אַ שטימע, וועלכע פלוכט
לייט און גאָט... —
הער איך אַ באַקאַנטענס קול? —
ניין, דאָס איז דאָס ליד פון שטאָל.

אַ בלוויליך־ווייסער זילבער־פוך
ליגט אויסגעשפרייט
אויף פלאך און וואנט און דאך
און בלענדט די פארשלאָפענע אויגען מיינע ;
אַ באפעדערטער קוימען
רויכעלט זיך אין בייגעלעך, אין שרייפעלעך
און דערמאָנט אָן אַ גרייז,
וואָס פיפקעט אין האַלב־דרימעל זיין ליולקע־ציבוק ;
די שפורען פון הינטישע לאַפקע־טריט
אויפ׳ן יונגפרויליכען שניי
מאַניען מיך אין א וואונדערליכען מערכען־לאַנד ;
אַן אלטיטשקער מיט׳ן קאָפ אין קאָלנער ארייגעצויגען,
מיט׳ן טלית ותפילין אונטער׳ן אָרעם
גייט מיך פארביי
און די מעטרא ווערט אויגענבליקליך
אין מיין ווייטען, אַלטפרענקישען שטעטעל
פאַרוואַנדעלט...

## סילועטען

דורך מיין פענסטער זע איך סילועטען,
ווי זיי טאַיען אויפ'ן בלאַסען האָריזאָנט,
דורך מיין פענסטער הער איך, ווי זיי טרעטען
ווייט, אומענדליך ווייט, און דאָך, ווי מאָדנע נאָענט.

ס'האָט די ווייכקייט אַלץ אַרום צענומען
און באַצויגען פונקט, ווי מיט א דינעם גלאָז,
אין דער בלייכקייט איז זיך אַלץ צעשוואומען
און מען ווייס גענוי ניט, ווער און וואָס איז וואָס...

פאַר מיין פענסטער שוועבען סילועטען,
ווי פאַרבלאָנזשעט פון אַן אומבאַקאַנטער וועלט,
דורך מיין פענסטער הער איך, ווי זיי בעטען
ווי זיי ציטערען און צאַפּלען זיך פון קעלט...

## די פאַרלוירענע פּרינצעסין

אמאָל, אַמאָל, אַמאָל,
געלעבט האָט א פּרינצעסין —
איז זי אַוועק אין טאָל,
פון אלעמען פאַרגעסען.

אַוועק דער אַלטער דור —
א נייער אויפגעגאַנגען
און די פרינצעסין גאָר
אויפסניי ער נעמט פאַרלאַנגען.

נאָר פונקט ווי אין א תהום
איז זי פון אונז אנטרונען:
מיר זוכען עד היום
און קאָנען ניט געפינען...

ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט —
ניט ער:
ס'האָט עמיצער דאָס בייזוויליג פון צונג
ביי אים אַראָפּגעשארט,
און באַלד, אין זעלבען אויגענבליק
האָט ער דערשפּירט,
אז אלץ איז שוין פאַרביי,
ניטאָ קיין וועג צוריק:
דאָס וואָרט איז, ווי א וואַנט,
אַ בלינדע, טויבע וואַנט,
געשטאַנען צווישען זיי,
און איינער האָט דעם צווייטען ניט געהערט
און ניט געזען —
אין הארץ האָט אים געהאַמערט
און געקלונגען אנגסטליך־באַנג:
ווי איז דאָס געשען?! —
נאָר ס'איז געווען צו שפּעט:
דאָס וואָרט
איז שוין אצינד ניט, ווי א וואַנט,
נאָר ווי א באַרג
געשטאַנען צווישען זיי —
דאָס איינע, פּראָסטע וואָרט...

### איך בין אַ גערטנער

שוין לאַנג, אַז ס'האָט דער ווינט
מיר ניט געבראַכט אַ גרוס פון דיר, —
אין מיינע שפּייכלערס ליגן אָנגעזאַמעלט
אוצרות גאַנצע בערג
און קוקן אויס גערולדיק אויף דיין צייכן...
אַמאָל, בעת מיין אָקאַרשט איינגעפלאַנצטער גאָרטן
איז נאָך יונג געווען,
און איך — נאָך יינגער
האָב איך אָפּט מיט די הענט
צעעפנט די נאָך־ניט צעבליטע רויזן,
זיי האָבן זיך געוועקט מיט זייערע שוואַכע קווייטן,
נאָר איך בין נאַריש נאָך געווען און אומגערולדיק...
אַצינד איז אַלצדינג אַנדערש:
די ערד איז קוויטיגער געוואָרן
און מיט אַ האַרטען סלאַי זיך צוגעדעקט,
דער רעגן קומט ניט אָן אין צייט,
דער טוי זיין פרישקייט האָט פאַרלאָרן
און איך בין שוין אַ גערטנער מיט ערפאַרונג...

איך כאַפּ זיך אויף אין מיטען נאַכט
אמאָל
אין ציטערניש און שרעקען —
מיר דאַכט:
איך הער אַ נאָענט קול,
א נאָענט קול פון ווייטען לאַנד,
מיך וועקען:
דערלאַנג אונז, נאָענטער, דיין האנט!
און ביינערדיגע, דאַרע הענט
דורך אַלע ווענט
זיך שטרעקען... —
דאָס קול איז מיר אַזוי באַקאַנט,
אַזוי באַקאַנט און אייגען:
איך קאָרטשע זיך אין בעטגעוואַנט,
פון שרעק און שאַנד,
און ליג אזוי א גאַנצע נאַכט
מיט אויסגעגלאָצטע אויגען...

## קי

איך בין היינט אויפגעשטאַנען פרי —
מיט זונען אויפגאַנג גלייך,
געקוקט ווי עס פּאַשען זיך די קי
ביים ברעג פון שמאָלען טייך.

זיי האָבען אָנגעשטעלט אויף מיר
די אויגען אלע גלייך:
מיין גאָט! — דער זעלביגער קאָליר,
ווי ס'וואַסער פונ'ם טייך...



בין געשטאַנען אָנגעבויגען
אויפ'ן גאַניק ביים פארענטש,
און די קו האָט אין די אויגען
מיר געקוקט גלייך ווי אַ מענש —

בין אראָפּ און איר געגעבען
גלייך אין מויל א ביסעל היי —
איך, די קו און דו דערנעבען:
אויפ'ן הארץ איז גוט אזוי...

## אַ מיידעל'ס ווּאונטש

איך וויל זיין שיין
און בּליען, ווי
א ווייסע רויז אין יולי־פּרי:
זאָל יעדער מאַן פארבּיי מיר גיין
און זען — איך בּלי.

איך וויל זיין יונג
און בּרענען, ווי
די תמוז־זון אין רעכטען גלי:
זאָל יעדער מאן נאָך מיינם א טרונק
שטיין אויף די קני.

איך וויל זיין שלאַנק
און בּויגיג, ווי
אין ווילדען וואלד די סאָסנע, די
און יעדער מאן זאָל צייגען באנג:
„אָט גייט זי, זי!..."

און ווערט מיר צופיל ענג
פון רויך און פוסטען שטרייט,
אנטלויף איך פון דער אָרימקייט
אין רייכען טייל פון שטאָט,
און דאָרט,
שפּאצירענדיג צוזאמען מיט'ן פיין־געפּוצטען לאָרד,
פאַרליר איך זיך אין פאַרביגען געדרענג
אין בּונטען קאַראַהאָד,
אין שמעקעדיגען טאַנץ
פון שוים און גלאַנץ,
פון רויזען, קרוזשעוועס און סאַמעט, —
און אָט,
טוט מיט אַמאָל א בּלענד מיר אין די אויגען
וואָס:
א שוואנען־האלז, אין פּיאָלעט און ראָז
געליאַמעט
איז פאַרבּייגעפלויגען;
בּאלד:
א בּויגיג, בּלאָנד געשטאַלט,
געהילט אין בּלויען זייד
שוועבּט דורך:
שורך, שורך, שורך, שורך,
און טראָגט אקאציעס א וואלד;
און פון דער ווייט:

ווי דורך א גאָלדיג־בלויען רעגען
קומט אָן, קומט אָן
א פּאָרעל אין א פּאעטאָן
אנטקעגען...
און אויפדערנאכט,
ווען ס'שמעלצט די זון איר קופּער
מיט א פלאמיג־רויטען שיין,
און גיסט מיט העלען, געלען וויין
אויף אלץ, —
מיר דאכט:
די גאַנצע שטאָט, פון גאָלד און זייד און קרוזשעוועס געשטיקט,
זיך וויגט, זיך וויגט
און טאַנצט א וואונדערליכען צויבער־וואלץ...

בײ די גרענעצען פון מײנע אײנזאמע גיטער
ליגט אַ בלינדער גרוב צעצװײגען, —
ניט צו דערגרונטעװען,
ניט אַריבערצושפּאַנען.
אין דער נעבעלדיגער װײט:
זילבערען זיך װאָלקענס,
ציען בלויע טײכען,
שװימען װײסע שװאַנען
און גרײפען אָן מיט פלאַמען
מײן געפאַנגענע נשמה, —
שטײ איך בײם ראַנד פון גרוב
מיט אויסגעשטרעקטע פאַרבענקטע הענט,
מיט פאַרדורשטיגטע אויגען
און בעט:
ליבע, דורכזיכטיגע מײנע,
נעמט מיך אויף אײערע פלאַטער־פליגלען,
אויף אײערע שנײאיגע זעגלען,
אויפ׳ן שוים פון אײערע פורפור־בלויע אָקעאַנען
אין אײערע פאַרביג נעבעלדיגע שטעט...

איך שטרעק מײנע פארװײנטע הענט
אין תפלה,
נאָר בײ מײנע ציטערדיגע פיס
ליגט דער בלינדער גרוב,
פארטאיעט,
װי אַ חיה,
װאָס לױערט אויף איר פאנג,
גרײט בײם מינדסטען ריר
מיך אײנצושלינגען אין זײן תהום...

בין השמשות

שטיל אין הויז —
ערגעץ אין דער װײטער װײט
א פאריקטע סטאַדע שרײט:
טראָגט זיך אַ פארשטיקט געברויז
דורך דער גרויער, בלויער שײן
פונ׳ם שטארבענדיגען טאָג,
דרינגט צו מיר אין הויז ארײן,
װי אן עכאָ פון א גלאָק,
און דאָס עכאָ שפרײט זיך אויס
אויפ׳ן באלקען, אויפ׳ן דיל
פון מײן שטיל
פאר׳חלומ׳ט הויז...

ווי שפינוועבס אונטער די הערבסטיגע הימלען —
דורכזיכטיגע און קלאָרע —
פארגייען מיינע נעכט און טעג.
אונטער דער קאָרע פון מיין זעל
טריפט מיט טוי און האָניג, —
צאָל איך טעגליך מיינע צינזען
צו די שומרים פונ'ם ברייטען וועג:
טריף, טריף!
קאַפּ, קאַפּ! —
פאלט מיין צינז אין גאַס,
פאלט מיין צינז אין פאס.
גאָט, איידער ס'וועט דער לעצטער שפור
פון שפינוועבס זיך פארהוילען
לאָז אויך מיך א רגע בלויז פארנעמען
פון מיין טוי און האָניג
דעם אראָמאַט.

## אין טיפען שאָטען

אין טיפען שאָטען פון מיינע צוויי געשטאַלטען
ליג איך,
אַ מוטער־נאַקעטער באהאלטען,
אַן אָנגעצילטער,
אין שאָטענס איינגעהילטער,
מיט אויגען ברייט צעעפענטע,
דערשראָקענע,
וואָס קוקען דורך די שפּאַלטען...
נאָר ווען ניט ווען
טוט ווער מיט אויגען — אָנגעגליטע שפּיזען —
מיך אַ ברען
און צווינגט מיט טויזענט פלאמען־שרעקען
מיך מיין נאַקעטקייט אנטפּלעקען...

## דער לעצטער

בין אַ קינד פון שטילע מענשען
מיט גיאיידעלטע מאַנירען —
טאָר דער מארק-געשריי פון דרויסען
זייערע טירען
ניט באַרירען.

לויפט מיין יחוס-קייט און ציט זיך
דורך דער דורות-פּאַנאָראמע:
פון די עלטער-עלטערזיידעס
ביז די סאמע
טאַטע-מאַמע.

איך בין אין דער לאַנגער שטאַם-קייט
אָנגערינגעלט גאָר דער שפּעטסטער —
און קאָן זיין, אז איך וועל בלייבען
גאָר דער לעצטער,
גאָר דער לעצטער...

מיינע לידער

מיינע לידער, ווי די עכאָס
אין אַ ראָזיג-בלויען טאָל —
קלינגען אָפּ, ווי זילבער-בעכערס
אויפ׳ן אומבאקאנטענ׳ס קול...

קלינגען אָפּ און זיי פאַרגייען
אין דער ראָזיג-בלויער לופט —
ביז אויפסניי פון די אַלעיען
יענער אומבאקאנטער רופט...